צענטראַלער שול-ראַט באַם איקוף

# ✿ קינדער-ביבליאָטעק ✿

No. 2

# קינדער העלדן



פאַרלאַג „איקוף" — בוענאָס איירעס

א. גאָלדבערג

# ייצכאָק-לייבוש האָט געוויינט



אַמאָל איז געווען —
אַמאָל איז געווען אַ שטאָט,
אַמאָל האָבן יידן געלעבט,
אַמאָל זיינען צוויי ברידערלעך
געווען —
אַמאָל איז געווען אַ מאַיסע.

אין די מאַיסע הייבט זיך אָן מיט יאָרן צוריק אין דער שטאָט וואַרשע, וואָס אין פּוילן. און די י י ד ן אין דער שטאָט וואַרשע האָבן געלעבט אין גרויס פּרעמקייט און שווער געאַרבעט אַף זייער ברויט. ניט לייכט איז געווען זייער לעבן, אָבער גרויס און שיין זיינען געווען זייער האָפענונג און זייער כאָלעם.

אין דער שטאָט וואַרשע איז בא דעם יידישן לערער הורוויץ געבוירן געוואָרן אַ צווילינג — צוויי ייִנגלעך. און געשען איז אָט די פריילעכע פּאַסירונג כויל האַמויעד פּייסעך, אין דעם יאָר 1930, אַקוראַט צום טאָג פון 15טן יאָרצייט נאָך ייצכאָק לייבוש פּערעץ. און ווייל מער פון אַלץ יידישע שרייבער האָט דער יידישער לערער הורוויץ ליב געהאַט

ייצכאָק לייבוש פּערעצן, און ווייל ער פלעגט אַלעמאָל ליב האָבן הערן זינגען זיין ווייב באַסיען פּערעצעס לידער

„שטיינערנע פּאַלאַצן,
אייזערנע באַלקאָנען..."

אָדער —

„אַף יענער זייט יאַם איז געשטאַנען אַמאָל..."

און ווייל עס איז געווען אַ צווילינג, און נאָך צוויי ייִנגלעך דער־צו, געבוירן אַקוראַט צום פּערעץ־יאָרצייט — האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבן:

איינעם — ייִצכאָק.

און דעם אַנדערן — לייבושל.

אַט אַזוי שיין און פּאַשעט האָבן זיי עס צוגעטראַכט, דער ייִדי־שער לערער הורוויץ און זיין ווייב באַסיע. און נאָך עפּעס: די מיש־פּאָכע הורוויץ האָט זיך געפירט, אַז די ייִנגלעכס געבורטסטאָג פלעגט מען אַלעמאָל פּראַווען צום ערשטן סיידער.

און דאָס איז שוין געווען גאָר אַ פיינע פירונג, ווייל ס'איז בע־קמעם זעלטן שיין, אַז ייִדישע ייִנגלעך זאָלן האָבן אַ פייסעכדיקן געבורטסטאָג, און נאָך באַם סיידער דערצו.

ב.

און געוואַקסן זיינען ייִצכאָק און לייבושל, ווי אַלע ייִדישע קינ־דער אין דער אָרעמער און שיינער וואַרשע. ניט געגעסן ברויט, אָבער מיט אַ שיינעם כאַלעם אין די ברוינע אויגן, און מיט אַ סאַך ליבע אין זייערע יונגע הערצעלעך. זיי האָבן אַלץ און אַלעמען ליב גע־האַט ייִצכאָק און לייבושל. אָבער מער פון אַלץ און אַלעמען ליב געהאַט צו ריידן און צו כאַלעמען און צו הערן מאַיסעס פון ייִצכאָק לייבוש פּערעצן.

זיי פלעגן דעקלאַמירן און זינגען זיינע לידער און נאָכדערציילן זיינע מאַיסעס. די כאַוויירים אין שול פלעגן זיי אַפּט רופן די פּערעצ־לעך, און אַפילו די לערער פלעגן זיי מיט ליבע רופן די ייִצכאָק לייבושלעך.

אָפּט פּלעגט זיי דער טאַטע נעמען צום הויז, ווו פּערעץ האָט בּאַ זיין לעבּן געוווינט, און די יינגלעך פּלעגן לאַנג שטיין אין דרויסן און אַרויפקוקן אויבּן צו די פענצטער.

און יעדן פּייסעך פּלעגט זיי דער טאַטע נעמען צו פּערעצעס קייווער אַפן בּעסוילעם און אונדזער צווילינג פּלעגט דאָרט לאַנג־לאַנג שטיין און קוקן אַף זיין שיין בּילד, אומעטיק און וווּנדערלעך פאַרטראַכט.

אַזוי איז געגאַנגען יאָר־איין יאָר־אויס, אַזוי יאָר נאָך יאָר.

ג.

און די מאַיסע אונדזערע שפּינט זיך ווייטער און ווייטער און זי שפּרינגט איבּער יאָרן, אַ סאַך יאָרן, און די מאַיסע אונדזערע שטעלט זיך פּלוצים אָפּ אַקוראַט פּייסעך צום ערשטן סיידער, אין דעם טרויעריקן יאָר 1943.

ד.

שווער, אוממעגלעך שווער איז געוואָרן דאָס לעבּן אין דער וואַרשעווער געטאָ. די געטאָ האָט געאָטעמט מיט די לעצטע קויכעס. יעדן טאָג האָבּן זיך בּאַוויזן די דייטשישע אויטאָס און אַוועקגעפירט נייע הונדערטער, נייע טויזנטער, אַוועקגעפירט אַף קיין מאָל ניט צוריקצוברענגען מער, אַוועקגעפירט אַף שקלאַפעריי און טויט.

קיין ראַכמאָנעס האָט קיינער שוין מער ניט דערוואַרט. דער ראַכמאָנעס איז פון לאַנג שוין אַוועק פון האַרץ פון די דייטשן. דאָס האַרץ אַליין איז פון זיי אַוועק. זיי זיינען מער שוין קיין מענטשן ניט געווען, די דייטשן. זיי זיינען נאָר געוואָרן מעשוגענע מאָרד־מאַשינען, וואָס האַרגענען אומשולדיקע מענטשן, ייִדעס און בּאָבּעס און טאַטעס און מאַמעס און קליינע קינדער.

די געטאָ האָט געאָטעמט מיט די לעצטע קויכעס און מיט די לעצטע קויכעס געגרייט זיך אַנטקעגנצושטעלן די סאָנים — די דייטשן.

ה.

דער סיידער איז געווען אַ מאָדנע פריילעכער בּאַ די הורוויצעס אין הויז, גלייך אין דרויסן וואָלט גאָר ניט געווען דער העסלעכער

דייטש. עס איז געווען א סיידער און א באר־מיצווה צוזאמען. באם טיש זיינען געווען פארזאמלט עטלעכע פריינט און קימאט אלע שכיינים פון הויז. דער זיידע איז געזעסן א שמייכלענדיקער אין זיין ווייסן קיטל, געקוקט אף די צוויי יינגלעך און שטילערהייט געווישט א טרער.

אלע האבן געוווסט וואס עס גרייט זיך, נאר קיינער האט עס מיט קיין הארט ניט דערמאנט. אונטער די בעטן זיינען געלעגן גרייט די ביקסן מיט די קוילן, אבער דערווייל איז מען געזעסן באם סיידער ווי אלע יאר, געזאגט די הגדה און געזונגען די שיינע לידער.

די קאשעס האבן, ווי אלעמאל, געפרעגט ביידע — סיי ייצכאק און סיי לייבושל, ווי העל עס האבן געקלונגען די אלטע ווערטער אין זייערע מיילער היינט אונטס, ווי ליכטיק עס האבן געלאכט די אויגן זייערע.

אין מיטן האט דער טאטע אפגעשטעלט דאס זאגן די הגדה. ער האט זיך לאנג שטיל פארקוקט אף די צוויי יינגלעך. ווען ער האט אנגעהויבן ריידן, האט זיך זיין קול צעגלים:

„מיינע ליבע ייצכאק און לייבושל. איך וויל היינט האלטן די באר־מיצווה רעדע פאר אייך. פרייט זיך, יינגלעך מיינע, וואס אין דער נאכט פון אייער געבורטסטאג שטייט אויף אונדזער פאלק מיט געווער אין דער האנט קעגן זיין סוינע. פארגעסט עס ניט, קינדער, בלייבט געטריי אייער פאלק, אלעמאל געטריי. לערנט זיך לעבן און — אויב נייטיק — שטארבן פאר אים. פארגעסט קיין מאל ניט וואס די נאצים, די דייטשן האבן אונדז געטאן. לערנט זיך פיינט האבן דעם העסלעכן נאצישן סוינע, וואס האט צעטראטן אונדזער לעבן. איר זאלט אים קיין מאל ניט פארגעבן . . .”

לאנג האט דער טאטע גערעדט. ער האט דערמאנט די ליידן אין דער געטא, די מיליאנען אויסגעהארגעטע יידן, די דייטשן וואס ווילן אומברענגען דאס גאנצע יידישע פאלק און ווי שטארק די יידן ווערן זיך קעגן דעם סוינע.

ער האט זיך לייכט געוויגט באם ריידן, דער טאטע. זיין פנים האט זיך געוואלקנט און איז צוריק העל געווארן. צום סוף האט

עס אַזוי געלויכטן, אַז די ייִנגלעך האָבן מורא געהאַט קוקן אױף אים און בלויז געפֿילט ווי דער טאַטע הייבט זיך אױף אַ גרויסן באַרג און פֿירט זיי מיט זיך, און זיי איז גוט און זיי פֿילן זיך זיכער אין דער טאַטעס װאַרעמט זיי מיט זיינע רייד ווי די זון.

צום סוף איז דעם טאַטנס קול געוואָרן זייער רויק און שטאַרק.

— דעם סיידער וועלן מיר היינט פֿאַרענדיקן מיט דער ביקס אין דער האַנט, בײַ די פֿענצטער און אױפֿן דאַך פֿון אונדזער געביידע. פֿאַר אונדזער בלוט, פֿאַר אונדזער ווייטיק, פֿאַר אונדזער הונגער, פֿאַר אונדזערע קינדער און שוועסטער און ברידער, פֿאַר אונדזער פֿאָלק, פֿאַרנעמט יעדער זיין אָרט. דער פּאַראָל פֿאַר אונדזער געביידע איז „יִצחק-לייבוש". פֿאַרגעסט עס ניט. גייט אין נאָמען פֿון פֿאָלק.

אין הויז איז פּלוצים ליכטיק געוואָרן. די פֿעצעמער ביי אַלעמען האָבן זיך צעשיינט. לייבושלען האָט זיך געדאַכט, אַז אַפֿילו די מענטשעלעך אין די האַגאָדעס זיינען לעבעדיקער געוואָרן און די אַלטע האַגאָדע-בלעטלעך זיינען ליכטיקער געוואָרן.

## ח.

לאַנגע טעג און נאָך לענגערע נעכט האָבן זיי זיך געשלאָגן. דער סוינע איז ווילדער געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג, אָבער די ייִדן האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן.

וואָס אַמאָל איז געוואָרן ווייניקער אױפֿן דאַך פֿון די הורוויצעס הויז, וואָס אַמאָל הייזעריקער. אָבער דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען. יִצחקל און לייבושל האָבן צוגעטראָגן קוילן צו די קעמפֿער — אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען קוילן, זיי האָבן אײַנגעטיילט די אָרעמע פּאַרציעס ברויט צו די קעמפֿער — אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען ברויט, זיי האָבן צוגעטראָגן וואַסער צו די דאָרשטיקע און פֿאַרכאַלעשטע — אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען וואַסער. אומעטום זיינען זיי געווען, זייערע שטימען האָבן פֿריילעך געקלונגען איבערן דאַך, און יעדן פֿון די קעמפֿער איז ליכטיק געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך באַוויזן.

אָבער — קוילן איז וואָס אַמאָל ווייניקער געוואָרן, און ברויט

איז וואָס אַמאָל ווייניקער געוואָרן, און וואָסער איז וואָס אַמאָל ווייניקער געוואָרן, און —

קיינער פון די יידן איז אומזיסט ניט געשטאָרבן, אָבער — וואָס אַ טאָג איז ווייניקער געוואָרן יידן אויף דאָך, אָך ווי ווייניקער, און דייטשן איז געווען אַזויפיל, אַזוי שרעקלעך פיל.

איינער נאָכן אַנדערן זיינען די יידן געפאַלן, העלדיש געפאַלן. יעדן-טאָג האָבן נייע פינף, אָדער צען געפעלט, און מען ווייסט ניט ווי אַזוי עס איז געשען, אַז לייבושל וויים אפילו אַליין ניט ווי עס איז פאָרגעקומען, נאָר אויף דער 42טער נאַכט איז ער פלוצים געבליבן איינער אַליין אויפן דאָך.

איך זאָג פלוצים — ווייל ערשט מיט אַ האַלבע שעה פריער זיינען זיי געווען אין דרייען — דער טאַטע, ייצכאַקל און לייבושל. ווייזט אויס, אַז אַ נידעריק-פליענדיקער דייטשישער עראָפּלאַן האָט עס מיט זיין מאַשין-ביקס געטראָפן דעם טאַטן מיט ייצכאַקלען. און געבליבן איז איינער אַליין אויפן דאָך פון אַן איינגעפאַלן הויז אין וואַרשע דער קליינער דרייצן-יאָריקער לייבושל, איינער אַליין אין מיטן פון דער געטאָ, צווישן הימל און דייטש.

ניין, ניט געווייינט האָט דער קליינער לייבושל. ער האָט זיך בלויז שווייגנדיק אַוועקגעזעצט אין ווינקל דאָך, וווּ ס'איז געלעגן זיין געפאַלענער ברודער. לאַנג און שטיל האָט ער געקוקט אויף ייצכאַקס פּנים און געוואַרט און געוואַרט. — — — —

ז.

פון די טרעפּ אויפן דאָך האָט זיך פלוצים באַוויזן אַ מענטש. לייבושל האָט אים דערזען. ער האָט גלייך דערקענט די שוואַרצע פעלערינע, דעם ברייטן הוט, די געדיכטע וואַנצעס און די ליכטיקע שוואַרצע וואַרעמע קלוגע אויגן.

לייבושל האָט גלייך דערקענט ייצכאַק לייבוש פּערעצן. ער וואָלט אים אומעטום דערקענט. מיט טריט, וואָס האָבן די ערד ניט אָנגערירט, האָט זיך ייצכאַק-לייבוש דערנענטערט צו לייבושלען.

ווען ער איז צוגעקומען גאר נאענט, האט ער זיך לאנג פארקוקט. נייך, בימ אף לייבושלען, נאר אפן פאנעם פון טויטן ייצכאקלען, לאנג האט ער אף אים געקוקט, און ווען לייבושל האט נאכאמאל אויפגעהויבן די אויגן, האט ער געזען —

ייצכאק לייבוש פערעץ שטייט און וויינט איבער זיין טויט ברוד־דעבל. לאנג און נים שעמענדיק זיך פאר אים האט ייצכאק לייבוש געוויינט, און די טרערן זיינע האבן זיך געגליטשט איבער די באקן, איבער די גרויע וואנצעס און געפאלן שטיל און ווארעם אף לייבושלס קאפ. קאפ־קאפ! האבן זיי געטריפט אף זיין קאפ, געווארעמט און געטרייסט, און לייבושלען איז פלוצים גוט געווארן, ווי דער טאטע זאל אים בא דער האנט נעמען, ווי די מאמע זאל אים צו זיך טוליען.

— קום — האט ייצכאק לייבוש פערעץ געזאגט.

— איך גיי — איז לייבושל אויפגעשטאנען.

און איבער די טויטע יידישע גאסן פון ווארשע, איבער די כורוועס פון דער ווארשעווער געטא, וואס איז אזוי שיין און העלדיש געשטארבן, איבער די גאסן און געסלעך האט ייצכאק לייבוש פערעץ געפירט לייבושלען, אים געפירט מיט א זיכערער האנט דורך גאסן פון דייטשישן מארד, אים געפירט צו דער וויסל צו, צו מידרעך, דארט ווו עס גייט אויף די זון.



א. גאָלדבערג

# אַ מאַיסע מיט אַ צווילינג

## אַ צווילינג ווערט געבוירן

און ס'איז געווען אין דעם כוידעש אַפּריל, דעם 18טן טאָג פון כוידעש, אין דעם שווערן יאָר 1943. אין דער וואַרשעווער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפשטאַנד פון די יידן קעגן די דייטשן.

אין דרויסן האָט געבראַנט אַ שלאַכט און אינעווייניק — אונטן, טיף אונטער דער ערד, אין אַ ספּעציעלן בונקער, וואָס די יידן האָבן געהאַט אויסגעגראָבן, איז געלעגן אַ יידישע פרוי און האָט נאָר וואָס געהאַט געבוירן אַ צווילינג, אַ ייִנגעלע און אַ מיידעלע.

דער בונקער האָט אויסגעזען ווי אַ הייל, דער בונקער איז פּאַק־טיש געווען אַ הייל. אין איין ווינקל אויף אַ שטרוי־זאַק איז געלעגן די יידישע פרוי יוכעוועד (אָדער ווי מ'זאָגט דעם נאָמען אַרום אין פּוילן — יאַכעט) און האָט צו זיך געטוליעט אירע צוויי קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין דער זעלבער סיידער־נאַכט, ווען די יידן פון וואַרשע האָבן אַרויפגעצויגן די פאָן פון אויפשטאַנד, די פאָן פון ווידערשטאַנד קעגן סוינע.

און ס'האָט קיינער, אין דער מיט פון שיסערייען און שלאַכט, נים געהערט דעם ערשטן געשריי פון דעם צווילינג, קיינער נים, אַפּי־לע נים דער טאַטע זייערער, דער יונגער יידישער שניידער, וועלכער איז גראָד דעמאָלט געלעגן אויף אַ ווינקל פון אַ דאַך, זיך געטוליעט צו דער ביקס און געוואַרט אויפן סוינע.

קיינער האָט נים געהערט זייער ערשט געשריי, אַ חוץ די אַלטע באָבע, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף יוכעוועדן און וואָס האָט מיט

אירע אַלטע ציטערדיקע הענט די ערשטע געטוליעט צו זיך דעם צווילינג און מיט די אַלטע פאַרטריקנטע ליפּן און קלוגע אויגן גע־שמייכלט צו דעם יונגן פּאָרל, וואָס האָט דאָווקע געוואָלט געבוירן ווערן אין מיטן פון שיסערייען און שלאַכטן, ווען דער טאַטע איז גאָר געווען פאַרנומען מיט אַ ביקס און מיטן סוינע.

## „אַ פאַלק בלייבט אַ פאַלק"

ס'איז געווען אפן פינפטן טאָג פון אויפשטאַנד. דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַווע גאַס, דער יידישער שרייבער יאָסעף, האָט ערנסט אויסגעהערט די רייד פון דער אַלטער באָבע. ער האָט געזען אירע אַלטע הענט (הענט — פונקט ווי זיין מאַמע האָט געהאַט), זיך צו־געהערט צו איר מיד קאָל (אַזוי ענלעך צו דעם קאָל פון זיין אייגע־נער מוטער).

— זי איז קראַנק, פאַרשטייסט, יונגערמאַן. איך בין אַלט, יונ־גערמאַן, דער פאָטער איז נעכטן געפאַלן, אָבער — די קינדער, יונ־גערמאַן, איך רייד וועגן די קינדער, פאַרשטייסט?

ער האָט זייער גוט פאַרשטאַנען, דער קאָמאַנדיר. אין קאָפּ האָט ער שנעל איבערגעציילט די איבערגעבליבענע מענטשן פון זיין קאָמ־פּאַניע.

— גיים אַהיים, באָבעשי. כ'וועל נאָך היינט עמעצן צושיקן. גיט אַ גרוס דעם צווילינג.

דער קאָמאַנדיר פון דער פּאַווע גאַס האָט געהייסן מען זאָל אים אַריינשיקן די צוויי יינגלעך, שאָלעם און דאָן. שאָלעם איז אַלט געווען עלף יאָר, און דאָן — אַ יאָר עלטער. דער קאָמאַנדיר, וואָס איז פריער געווען דער יידישער שרייבער יאָסעף, האָט גוט געקאַנט ביידע יינגלעך. ער איז פון לאַנגע יאָרן געווען זייער שאַכן. ביידע יינגלעך האָבן איצט געהערט צו זיין קאָמפּאַניע.

דער קאָמאַנדיר האָט לאַנג און ערנסט גערעדט צו די יינגלעך. ער האָט זיי דערציילט וועגן צווילינג, וועגן דער אַלטער באָבען,

וועגן דער קראַנקער מאַמען, וועגן געפאַלענעם פאָטער, און געטע־
דיקט האָט ער:

— איר פּאַרשטייט, ייִנגלעך, פאַראַן אַ סך וועגן ווי מען קאָן
דינען דעם פאָלק. געדענקט עס. מיר אין געטאָ קענען נישט זײַן אין
דער שלאַכט קעגן די נאַציס, אָבער אונדזער פאָלק וועט לעבן בלײַ־
בן. געדענקט, — אַ פאָלק בלײַבט אַ פאָלק, עס מוז בלײַבן.

שאַלעם, וואָס איז געווען ייִנגער, האָט נישט אינגאַנצן פאַרשטאַ־
נען די רייד. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט. מען גייט אים צונע־
מען פון דער שלאַכט און מאַכן פאַר אַ ניאַנקע.

דער קאָמאַנדיר האָט נאָך אַמאָל לאַנג גערעדט און איינגע־
טאַנעט:

— ניין, — האָט ער געענדיקט — נישט קיין ניאַנקעס, נאָר הי־
טערס, אָפּהיטערס. איר זײַט צו מיר פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קינ־
דער. איך, אײַער קאָמאַנדיר, באַפעל אײַך, איר זאָלט אָפּהיטן און
אַרויסראַטעווען די קינדער. איר מוזט עס דורכפירן.

די ייִנגלעך האָבן אים ערנסט אָנגעקוקט. דאָן איז דער ערשטער
צוגעגאַנגען און אויסגעשטרעקט זײַן האַנט. — אַ פאָלק בלײַבט אַ
פאָלק, — האָט ער געזאָגט. מיר'ן זיי אָפּהיטן און אַרויסראַטעווען.

דער ייִדישער שרײַבער יאָסף האָט אַרומגענומען די ייִנגלעך,
זיי צוגעדריקט צו זיך און נאָכדעם זיך שנעל מיט זיי געזעגנט, קע־
דיי זיי זאָלן נישט באַמערקן די טרער, וואָס האָט זיך געקייקלט אי־
בער זײַן באַק.

## און מען האָט זיי אַ נאָמען געגעבן . . .

שאַלעם און דאָן האָבן זייער ערנסט גענומען זייער קאָמאַנדירס
באַפעל. זיי האָבן אַכטונג געגעבן אויף די ~~קינדער אויף~~ זייער מוטער
און אויף דער באָבען. פון ערגעץ האָבן זיי געבראַכט צו שלעפן עט־
לעכע קישנס און אויסגעבעט דער מוטערס בעט. פון אַ קעסטל מיט
אַ קישן — איז געוואָרן אַ בעטל פאַר ביידע קינדער, און פאַר דער
באָבען האָבן זיי פון ערגעץ אַ מאַטראַץ געבראַכט צו שלעפן. צווישן

בורוועס און קוילן האבן זיי שפייז פאר אלעמען געפונען. און ווען אפן פערטן טאג האבן זיי פון ערגעץ געבראכט צו פירן א ציג — האט זיך די אלטע באבע צעלאכט, יויכעוועד האט זיך צעשמייכלט און שאלעם האט געזאגט, אז אפילו דער צווילינג האט זיך צע־שמייכלט. אין בונקער איז געווארן פריילעך יענעם אוונט און אפילו די ציג האט אונטערגעטענצלט.

אין יענעם אוונט טאקע האט יויכעוועד זיך אויפגעהויבן אף איר געלעגער און א זאג געטאן:

— די קינדער, די קינדער האבן נאך נייט קיין נעמען. מען דארף זיי דאך א נאמען געבן. — דאס איז אלץ וואס זי האט געזאגט, און איז צוריקגעפאלן אפן געלעגער, א מידע און א שוואכע. איז דאן צו איר צוגעקומען, זיך אריבערגעבויגן איבער איר, און געזאגט:

— מארגן, יויכעוועד, מארגן וועלן מיר זיי ביידן א נאמען געבן.

א גאנצן טאג האבן שאלעם און דאן צונויפגעקליבן — ווער ווייס פון וואנען? — אלע נייטיקע זאכן צו דער סימכע. אפילו צוויי לייכטער מיט ליכט און אפילו א פלעשל ווייַן מיט גלעזלעך האבן זיי געבראכט.

פיר זיינען זיי געווען בא דער סימכע: אן אלטע באבע, א קראנ־קע מאמע, צוויי 12־יאריקע יידישע יינגלעך. פיר — אויב מען זאל נים רעכענען דעם צווילינג, און די ציג, — וואס האט אין דער עמעסן נים געהערט פארשטאנען וואס דא קומט פאר.

שאלעם האט ארויסגענומען דאס יינגעלע פון זיין קעסטל און אים צוגעטראגן צו דער מוטער. יויכעוועד האט אים צוגעדריקט צו זיך, איר פאנעם האט געגלים און די אויגן זיינען ליכטיק געווען. ווען זי האט גערעדט, איז איר קאל געווען קלאר און שטארק: — און דיין נאמען, יינגעלע מיינס, זאל זיין מוישע.

און ווען דאן האט צו דער מאמען דאס מיידעלע צוגעטראגן, האט דער מאמעס פאנעם שוין געשטראלט פון פרייד און איר קאל האט נאך מער געשטראלט:

— און דיין נאָמען, מיידעלע מיינס, זאָל זיין מיריעם.

אין בונקער איז ליכטיק געוואָרן. אין דרויסן האָט זיך גע־שטאַרקט די שיסעריי און דאָ איז אַ פרייד אויפגעגאַנגען.

דאַן האָט זיך פלוצים דערמאָנט די רייד פון קאָמאַנדיר: — פאַרשטייסט, אַ פאָלק בלייבט אַ פאָלק.

## אַ מאַמע הייסט

— אין דרויסן

אין דרויסן זיינען טעג געווען הייסע און בלוטיקע. די געטאָ האָט געברענט, דער קאַמף איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער, און קעמפער — ווייניקער. אויפן צווייטן און פערציקסטן טאָג איז די געטאָ געפאַלן. די דייטשן האָבן מיט עראָפּלאַנען און טאַנקען אָפּגע־ווישט די יידישע וואַרשע פון דער ערד. אַ ווילדע פרייד האָט זיי אָנגעפילט: ניטאָ, ניטאָ מער קיין יידן אין וואַרשע, געשטאָרבן דאָס יידישע פאָלק אין פוילן.

— אינעווייניק

אינעווייניק, אונטן, טיף אונטער דער ערד, איז יענעם אָוונט, יענעם שרעקלעכן אָוונט פון דעם דריי און פערציקסטן טאָג — איין טאָג נאָכן פאַלן פון געטאָ, אָנגעגאַנגען אַן ערנסטער שמועס. אַלע האָבן געפילט, אַז מער בלייבן אין בונקער טאָר מען ניט. אָבער שאַלעם און דאַן האָבן געטענהט, אַז מען זאָל צוּוואַרטן נאָך עטלע־כע טעג ביז יחיבעד וועט שטאַרקער ווערן, ווייל מען זיך לאָזן אין וועג אַרויס, זיך צוזאַמען פרווון ראַטעווען.

יחיבעד האָט זיך איבערגעקוקט מיט דער באָבען. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען, זיי האָבן ביידע געוווּסט, אַז די באָבע איז צו אַלט און יחיבעד איז צו קראַנק.

יחיבעד האָט גערעדט און געזאָגט:

— ניין, יינגלעך טייערע, מען טאָר ניט וואַרטן, מיר וועלן אַלע צוזאַמען ניט קענען זיך הרבּריסן. מען מוז זיך צעטיילן. געדענקט וואָס דער קאָמאַנדיר האָט אייך אָנגעזאָגט: איר מוזט אָפּהיטן און

אַרויסראַטעווען די קינדער. איר זייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קינדער. די באָבע און איך וועלן זיך שוין אַליין ראַטעווען.

און וואָס מער זי האָט גערעדט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן איר קאָל און אַלץ מער איז זי ענלעך געוואָרן אָפן קאָמאַנדיר יאָסעף.

— נאָך היינט בײַנאַכט וועט איר זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. איר ווייסט וווּהין צו גיין?

יאָ, די ייִנגלעך האָבן געוווּסט. ווײַל נאָך מיט טעג צוריק האָט זיי דער קאָמאַנדיר יאָסעף געשיקט רופן און זיי איבערגעגעבן אַ גענויען פּלאַן, ווי אַרויסצוגאַנוועגן זיך פון וואַרשע, ווי אַנצוקומען אין וואַלד און מיט וועמען זיך צו פאַרבינדן.

:: :: ::



און ס'איז געווען יענע פינצטערע נאַכט, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. שלעכט האָט געטוליעט צו זיך דעם קליינעם מיישעלע און דאַן האָט געטראָגן די שלאָפנדיקע מיריעם.

געזעגנט האָט מען זיך שטיל. ייִכעוועד האָט צוערשט אויפגעהויבן די צוויי קינדער אירע, געהאַלטן אַ קינד אין יעדן אָרעם, געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן און איר קערפּער האָט זיך לײַכט געוויגט אין די ליפּן שטיל געשעפּטשעט. נאָכדעם האָט זי געעפנט די אויגן און איבערגעגעבן די קינדער צו די ייִנגלעך. אירע אויגן זײַנען

געווען קלאָרע, אַז טרערן. ווען די יינגלעך האָבן איבערגענומען די קינ־
דער, איז יויכעווער געבליבן שטיין אין דער מיט, האָט ארומגענער־
מען ביידע יינגלעך, זיך איינגעבויגן און שטיל געקושט אלע פיר
שטערנס — די קינדערס און די יינגלעכס. און די גאנצע צייט האָט
זי קיין איין וואָרט נים ארויסגעזאָגט.

די באָבע האָט ארויפגעלייגט אירע ציטערדיקע הענט אַף די
קעפּ פון די יינגלעך און אירע ליפּן האָבן געשעפּטשעט, געשעפּ־
טשעט, געשעפּטשעט.

בלויז די ציג האָט אַן אומעטיקע געמעקט.

דורך רערן און וועלדער

דורך כורוועס און נאַצישע טאַנקען און דייטשישע פּאַטרולן האָ־
בן זיך געשלייכט צוויי יידישע יינגלעך. יעדער האָט געטוליעט צו
זי[illegible] אַ קינד, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, קעדיי עס זאָל אים וואָרעם
זיין. יעדע[illegible] האָט געטראָגן מיט זיך שפּייז פאַר זיין קינד, אויב מען
זאָל [illegible] מוזן אין מיטן וועג צעשיידן.

[illegible] יידישע יינגלעך האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין דורכ־
פירן [illegible]עם באַפעל פון זייער קאָמאַנדיר און דאָס וואָרט פון אַ מאַ־
מען, ווייל „אַ פאָלק בלייבט אַ פאָלק."

נים ווייט פון בוגקער איז געווען דער אָנהייב פון אַ רער, וואָס
האָט זיי אראָפּגעפירט אונטן, אונטן דער ערד, צו די רערן פון דער
וואַרשעווער קאַנאַליזאַציע. דורך אָט די רערן האָבן זיי באַדאַרפט
דערקריכן ביז ארויס פון שטאָט.

ווי לאַנג האָט זיי גענומען? איך ווייס נים, קינדער. זיי האָבן
מיסטאָמע אליין אויך נים געוווּסט. ווייל ווער ציילט עס דען די טעג,
ווען יעדע מינוט איז דאָ די געפאַר פון אַ נאַצישן פּאַטרול, פון נאַ־
צים וואָס האָבן אפילע אין די קאַנאַליזאַציע־רערן געזוכט, הינט
ארייגגעשיקט, גאַז־באָמבעס אַפּט אריינגעוואָרפן.

ווי לאַנג האָט זיי גענומען? ווער ציילט דען די טעג, ווען די
טראָגסט אין דיינע אָרעמס טוישעלען אָדער מיריעמלען, און דו

געדענקסט די רייד פון דעם יידישן שרייבער יאסעף, אז דו מוזט זיי ארויסראטעווען בשאלעם.

טאג און נאכט, נאכט און טאג, האבן זיי זיך געשלעפט, געגאנגען און געקראכן אף אלע פיר. אפגעווארט טיילמאל שאען און זיך מורא געהאט רירן. אפילע די קינדער האבן ווי פארשטאנען וואס דא קומט פאר, אויב ניט — ווי קומט עס וואס קינדער, וואס וייגען ניט מער ווי 45 טעג אלט געווען, זאלן די גאנצע צייט קימאט ניט וויינען?

*

וער ווייס — עפשער האט זיי יויכעווער באם געזעגענען זיך דאס אנגעזאגט, און זיי האבן געוווסט, אז מען דארף פאלגן א מאמען, ספעציעל א מאמען, וואס מען לאזט איבער איינע אליין מיט אן אלטער באבען אין א בונקער, אין דער מיט פון דער כארעווער וארשעווער געטא.

ניין, ניט שאלעם און ניט דאן האבן געוווסט אפן וויפלטן טאג זיי זיינען ארויס פון די אונטערערדישע רערן און זיך געפונען אין א וואלד הינטער ווארשע. זיי האבן ניט געוווסט די צייט, זיי האבן אבער געוווסט דאס ארט, ווו זיי געפינען זיך און וווהין זיי דארפן וייטער גיין.

אפן צווייטן טאג האט דער פאטרול פון דער יידישער פארטיזאנען-אפטייל אין וואלד דערזען די צוויי יינגלעך מיט די קינדער אין די ארעמס — די יינגלעך זיינען קוים געגאנגען, זייערע קליידער אין שמאטעס און אין גאנצן דורכגעווייקט אין שמוץ און אין בלאטע, אבער די אויגן — די אויגן זיינען בא זיי געווען ליכטיקע און צעשמייכלטע.

און ווען ער האט זיי געבראכט צום קאמאנדיר פון דער פארטיזאנען אפטייל אין מיטן וואלד, איז דער גאנצער אפטייל געווען צונויפגעזאמלט, געשטאנען אין א ראד, אנגעשפארט אף זייערע ביקסן און שטום געשוויגן.

די יינגלעך זיינען צוגעגאנגען גלייך צום קאמאנדיר פון אפטייל, שמיל, אן ווערטער, האט יעדער פון זיי ארויסגעוויקלט פון פאק

שמאַטעס זיין קינד און עס איבערגעגעבן דעם קאָמאַנדיר. אין די
אָרעמס אריין:

— דאָס איז מוישע.

— דאָס איז מיריעם.

דער קאָמאַנדיר האָט הויך אויפגעהויבן ביידע קינדער. פאַר
מיזאַנען האָבן שטיל אָראָפגעלאָזט זייערע קעפּ. דורך די צווייגן
אין וואַלד האָט זיך פּלוצים דורכגעריסן די זון, דער צווילינג האָט
זיך צעשמייכלט.

---

אין דער שטאָט ליגניץ, וואָס אין נידער־שלעזיע, פוילן, איז
דאָ אַ קינדערהיים. וואַקסן דאָרט אין דער קינדערהיים ייִדישע קינ־
דער, מערסטע יעסוימים, וועמעס עלטערן זיינען אומגעבראַכט גע־
וואָרן אין די מילכאָמע־יאָרן פון די דייטשן. און צווישן אַלע קינדער
שיינט אַרויס דער צווילינג, מוישעלע און מיריעמל, וועלכע גרייסן
זיך פאַר אַלע קינדער דערמיט וואָס זייער געבורטסטאָג פאַלט
אַלעמאָל אויס אַקוראַט אין טאָג פון דער וואַרשעווער געטאָ.





מ. א. סול

# רייזעלע

גראד אין יענער נאכט האט די לעוואנע ניט געשיינט און אפן הימל האט מען ניט געזען קיין איין שטערן. שטאק פינצטער איז גע־ווען און דערפאר עפשער איז רייזעלע לעבן געבליבן. א שטיק צייט איז זי געלעגן אין דער פינצטערניש לעבן די באדרעלסן. א פארכא־לעשטע פון דעם שטארקן קלאפ וואס זי האט געכאפט. דערנאך האט אנגעהויבן רעגענען.

די רעגן־טראפנס זיינען געפאלן אף אירע טרוקענע פארשמאכטע ליפן, אף אירע מידע פארשלאפענע אויגן, אף אירע שויך־לאנג־נישט פארקעמטע, טונקל בלאנדע האר, און אף אירע בלאסע, אפגעצערטע באקן.

דער רעגן האט געקלאפט אף איר און געקלאפט ביז ער האט זי אפגעמינטערט. זי האט געעפנט די אויגן און גארנישט ניט געזען. פונקט ווי זי וואלט געהאלטן די אויגן צוגעמאכט. זי האט געעפנט דאס מויל און געשלונגען די רעגנטראפנס.

נאר דער רעגן איז געפאלן ניט נאר אין מויל אריין. ער האט דורכגעווייקט איר אלט, צעריסן קליידל און האט זיך ארונטערגערוקט אונטערן ביינערדיקן רוקן. ס'איז איר געווארן אומהיימלעך נאס און זי האט אנגעהויבן ציטערן פון קעלט. זי האט אויפגעהויבן איר אויבערשטן טייל פון קערפער, געבליבן זיצן אף דער נאסער ערד און צום ערשטן מאל זיך געפרעגט: „ווו בין איך? ווו איז די מאמע? ווי

זיינען די איבעריקע מאַמעס און טאַטעס און קינדער? ווו איז די באַן וואָס האָט אונדז געפירט? און ווו זיינען די דייטשן וואָס האָבן מיך אַזוי געשראָקן? אַלץ איז פאַרשוווּנדן און מען הערט נישט קיין געשריי און קיין געוויין, און אַלץ אַרום איז אַזוי שטיל און פינצטער.

„מאַמע, מאַמע", האָט זי מיט אַ שוואַך קול אַרויסגעשעפּטשעט. נאָר קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. און כאָטש עס האָט זיך איר שטאַרק געגלוסט וויינען, האָט זי זיך איינגעהאַלטן, ווייל זי האָט שוין געוווּסט פון לאַנג אַז אַ קינד טאָר ניט וויינען ווייל די דייטשן קאָנען נאָך דערהערן.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט אָנגעהויבן גיין איבערן פעלד. זי האָט נישט געוווּסט וווהין זי גייט, נאָר איר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זי וועט גיין און גיין אַזוי לאַנג ביז זי וועט אָנקומען צו דער מאַמען.

אָבער מער ווי אַ האַלבע שעה האָט זי נישט געקאָנט גיין. זי איז געווען מיד און שוואַך און דער קאָפּ האָט איר ווי געטאָן פונעם קלאַפּ. האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אינמיטן פעלד זיך אָפּרוען אַביסל, דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן קריכן אויף אַלע פיר, ווי אַ טשערעפּאַכע.

דערווייל האָט אויפגעהערט צו רעגענען, אַ קיל האַרבסטיק ווינטל האָט צעטריבן די כמאַרעס פונעם הימל און ס׳איז אַרויס אַ האַלבע ליכטיקע לעוואָנע. רייזעלע האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען אַז זי איז נים זוייט פון אַ וועלדל. איז זי צוגעקראָכן אַהין מיט די לעצטע קויכעס און געבליבן זיצן לעבן אַ בוים.

זי האָט געקוקט אויף דער לעוואָנע און פּלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט אין עפּעס. און איצט האָט זי שוין געוווּסט, ווו זי איז און ווי זי קומט אַהער...

אין וואַגאָן איז געווען ענג ביז צום דערשטיקט צו ווערן. אַלע האָבן געשוויצט שטיין ווייל מען האָט זיך אַפילו נים געקענט אויסדרייען. ס׳איז געווען פינצטער און מ׳האָט נים געוווּסט צי ס׳איז טאָג, צי ס׳איז נאַכט, ווייל די טירן זיינען געווען פאַרהאַקט.

רייזעלע און איר מאַמע און נאָך צוויי יידן זיינען געווען פון די

מאָלדיקע, ווייל זיי איז אויסגעקומען צו שטיין מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט פונעם וואַגאָן, האָבן זיי געהאַלטן די נעזער האַרט בײַ די שפּאַ־רעס און אַזוי אַרײַנגעאָטעמט אַביסל לופט פון דרויסן.

פּלוצלונג האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט, נאָר די טירן האָבן די דײַטשן ניט געעפנט. די יידן האָבן אָנגעהויבן שרײַען און קלאַפּן מיט די פויסטן אַף די ווענט. נאָך צען מינוט קלאַפּן און שרײַען האָבן די דײַטשע סאָלדאַטן געעפנט די טירן. אַלע האָבן דערזען אַז ס'איז נאַכט און שטאָק פינצטער. אַלע בלײַבן אין די וואַגאָנען און „עס מוז זײַן שטיל", האָבן די דײַטשן געגעבן אַ באַפעל.

די יידן האָבן זיך מעכאַיע געווען מיטן ביסל פרישע לופט וואָס איז אַרײַן אין די פאַרשטיקטע וואַגאָנען, נאָר אַרויסשפּרינגען האָבן זיי מוירע געהאַט, ווייל לעבן יעדע עטלעכע וואַגאָנען זײַנען געשטאַ־נען דײַטשן מיט ביקסן און געוואָרנט, אַז זיי וועלן שיסן יעדן וואָס וועט אַרויס.

די יידן האָבן געפּרוווט טרעפן וווּ זיי זײַנען און פאַרוואָס די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

„היטלער זאָל אַזוי וויסן פון זײַן לעבן ווי איך וויים וווּ מיר גע־פינען זיך", האָט איין ייד געזאָגט.

„מיר דאַכט זיך אַז מיר זײַנען ניט ווייט פון אַ וואַלד" האָט אַ צווייטער געפּרוווט טרעפן.

„פאַרוואָס לעבן אַ וואַלד?"

„ווייל זיי האָבן מוירע אַז די פּאַרטיזאַנען האָבן אונטערגעלייגט באָמבעס אונטער די רעלסן אויפצורייסן די באַן".

„אונדז וועלן די פּאַרטיזאַנען ניט אויפרייסן, אונדז וועלן זיי העלפן".

„פונוואַנען וויסן די פּאַרטיזאַנען וועער עס פאָרט אין דער באַן?"

אַזוי האָבן יידן גערעדט אינדערשטיל צווישן זיך, און פון די אַלע רייד איז רייזעלעס מאַמען אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק. די לאַסט באַן איז געווען אַ לאַנגע און די פּאָר דײַטשע וועכטער זײַנען געלאָפן פון איין וואַגאָן צום צווייטן היטן די יידן זאָלן נישט אַרויס.

„רייזעלע", האָט די מאַמע איר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין. האָב נישט קיין מוירע, מיין קינד. ווי נאָר דער דייטש וועט זיך אָוועקדרייען וועל איך דיך אַרויסשטופּן פונעם וואַגאָן. דו וועסט בלייבן ליגן צווישן די קוסטעס ביז די באַן וועט אָוועקפאָרן. דערנאָך וועסטו אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנען. אינדרויסן איז פינצטער, וועט דיך דער דייטש ניט דערזען. האָב ניט קיין מוירע מיין קינד, און וויין ניט, אַניט וועט ער דיך דערהערן". „און דו, מאַמע?" האָט ריי־זעלע געפרעגט. „דו וועסט ניט גיין מיט מיר?"

„ניין, מיין קינד, איך בין צו גרויס, מיך וועט ער דערזען. איך וועל קומען צו דיר שפּעטער. די פּאַרטיזאַנען וועלן דיך שוין אָפּהיטן".

זי האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער אָפענער טיר צו זען צו דער דייטש איז דאָ. פּונקט אין יענער מינוט האָט זיך דער־הערט דער פייף־סיגנאַל, אַז מען פאָרט אָפּ. דער דייטש איז אַוועקגע־לאָפן פאַרהאַקן די טיר פון אַן אַנדערן וואַגאָן און די מאַמע האָט מיט אַלע קויכעס אַרויסגעוואָרפן רייזעלען אין דרויסן אַרויס. רייזעלע איז געבליבן ליגן אַ שטילע. ווען דער דייטש איז צוגעקומען פאַרהאַקן די טיר פון דער מאַמעס וואַגאָן, האָט די באַן זיך שוין אָנגעהויבן רירן.

איצט, זיצנדיק לעבן בוים באַם ברעג וואַלד, האָט רייזעלע גע־דענקט, ווי זי האָט געטאָן אַ פאַל צו דר'ערד. ווייטער האָט זי גאָר־ניט נישט געדענקט. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס די מאַמע האָט איר געזאָגט. האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען זוכן פּאַרטיזאַ־נען. זי האָט קיינמאָל קיין פּאַרטיזאַן ניט געהאַט געזען, און האָט ניט געוווּסט ווי אַזאַ איינער קוקט אויס. זי האָט אָבער געדענקט וואָס די מאַמע האָט איר געזאָגט: „די פּאַרטיזאַנען וועלן דיך שוין אָפּהיטן, מיין קינד".

— זי איז אַריין אַלץ טיפער און טיפער אין וואַלד. פּלוצלונג האָט זי דערהערט אַ קאָל אויף פּויליש „ווו גייסטו, מיידעלע?" זי האָט זיך אומגעקוקט און קיינעם נישט געזען, כאָטש די לעוואַנע האָט גע־שיינט. דאָס קאָל איז געקומען פון דערהייטנס און באַלד איז פון הינ־טער אַ בוים אַרויס אַ נידעריקער מאַן מיט וואָנצעס, אַ קאַשקעט אויפן

קאָפּ און אַ ביקס אויפֿן אַקסל. ער איז צוגעגאַנגען נאָך נאָענט צו רייזעלען און זי געפֿרעגט די זעלבע פֿראַגע: „ווו גייסטו, מיידל?"

„איך גיי זוכן די פּאַרטיזאַנען," האָט אים רייזעלע געענטפֿערט אויף פּויליש.

„און נאָך וואָס דאַרפֿסטו די פּאַרטיזאַנען?" האָט דער מאַן זי ווידער געפֿרעגט.

„די מאַמע האָט מיר געהייסן גיין צו זיי".

„ווו איז דיין מאַמע?"

„אַוועקגעפֿאָרן, מיט דער באַן".

„ביסט אַ יידישע?"

רייזעלע האָט געשוויגן. ניט איין מאָל איז איר אויסגעקומען צו שווייגן, אָדער צו ענטפֿערן ניין אויף אַט דער פֿראַגע.

„און ווי הייסטו?

„רייזעלע" האָט זי געזאָגט און ניט געוווּסט צי זאָל זי אַנטלויפֿן צי בלייבן שטיין אויפֿן אָרט.

דער מאַן האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און געזאָגט: „קום מיט מיר, מיידעלע, וועל איך דיר פֿירן צו די פּאַרטיזאַנען.

זיי זיינען אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועגס אויף די געדרייטע שמאָלע סטעזשקעס פֿונעם וואַלד און ווען רייזעלע איז מיד געוואָרן האָט דער מאַן זי גענומען אויף די הענט־און זי געטראָגן. ער האָט זי צוגעטראָגן צו אַ ביידל טיף אין וואַלד. אויפֿן וועג האָבן זיי באַגעגנט נאָך מענער מיט ביקסן, נאָר קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט — נאָר אַלע ווײַלע האָט דער מאַן אויסגעריפֿן עפּעס אַ וואָרט וואָס רייזעלע האָט ניט פֿאַרשטאַנען. לעבן ביידל איז געשטאַנען אַ וועכטער מיט אַ ביקס. דער מאַן האָט אים געפֿרעגט: „ווו איז אַנאַטאָל?"

„ער שלאָפֿט" האָט אים דער וועכטער געענטפֿערט, „מען דאַרף אים איצט ניט וועקן". זיי האָבן גערעדט זייער שטיל.

דער מאַן האָט אַראָפּגעלאָזט רייזעלען אויף דער ערד און געזאָגט צום וועכטער: „איך מוז צוריקגיין צום פּאָסטן. לייג דאָס קינד שלאָפֿן. ווען אַנאַטאָל וועט אויפֿשטיין, זאָג אים אַז איך האָב זי געפֿונען אין וואַלד. זי איז אַ יידישקע".

דער וועכטער האָט גענומען דאָס מיידעלע בײַ דער האַנט און זי צוגעפירט צו אַן אָרט, ווו עס זיינען געלעגן עטלעכע קאָלדרעס אױף דער ערד. ער האָט זי אַװעקגעלייגט אױף אַ קאָלדרע און זי איינגעדעקט מיט אַן אַלטן זאַק: „שלאָף, מיידעלע, שלאָף", האָט ער איר געזאָגט אױף יידיש. און האָב נישט קיין מורע".

„ווו זיינען די פאַרטיזאַנער?" האָט רייזעלע געפרעגט. „דאָ", האָט דער וועכטער געזאָגט און איז אַוועק צוריק צום ביידל.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז רייזעלע איינגעשלאָפן.

אין וואַלד איז געווען שטיל און רייזעלע איז געשלאָפן. פון צייט צו צייט האָט עמעצער אַ שטילן הוסט געטאָן, אָדער אַ לייכט ווינטל האָט צערוישט די בלעטער פון אַ בוים. נאָר רייזעלען האָט דאָס נישט געשטערט. זי איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

פון צייט־צו־צייט האָט דער וועכטער לעבן אַנאַטאָלס ביידל פאַמעלעך צוגעשפּאַנט צו רייזעלען, זיך נידעריק איינגעבויגן איבער איר און אַריינגעקוקט אין איר צאַרט אָפּגעצויגן פּנימל. אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ס'איז איר קאַלט. האָט ער אויסגעזוכט נאָך אַן אַלטן מעל־זאַק און אים אַרויפגעלייגט אױף איר, און דאָס האָט רייזעלע אויך נישט געהערט.

„שלאָף, שלאָף, מיין קינד, האָט ער שטילערהייט אַ מורמל געטאָן צו זיך אַליין, בעת ער האָט זי גוט איינגעדעקט. און ווען ער האָט צוריקגעשפּאַנט צו אַנאַטאָלס ביידל האָט ער נאָך אַלץ געשעפּטשעט צו זיך די ווערטער: „מיין קינד, מיין קינד", און ער איז געוואָרן זייער טרויעריק. ער האָט זיך דערמאָנט אַן זיין אייגן מיידעלע, כאַוועלע, וואָס ד'האָט איבערגעלאָזט אין דערהיים צוזאַמען מיט זיין פרוי און דער אַלטער מוטער. שוין העכער צוויי יאָר, וואָס ער האָט זיי נים געזען און נים געהערט פון זיי.

אין אָנפאַנג פלעגט ער אַזוי שטאַרק בענקען נאָך זיי, אַז נים איינמאָל איז ער אַוועק טיפער אין וואַלד אַריין, קעדיי די איבעריקע פאַרטיזאַנער זאָלן נים זען, אַז ער, בערקאַ, דער בראַווער און טיפּיקער פאַרטיזאַן, וועלכער איז שוין צוויי מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן אין שלאַכטן מיט די דייטשן, וויינט גאָר ווי אַ קליין קינד.

ביסלעכווייז האָט ער אויפגעהערט צו וויינען. זיין טיפע בענק־שאַפט נאָך זיין פאַמיליע האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ ברענענדיקן צאָרן קעגן די דייטשן. ער איז געוואָרן דער געוואַגסטער פון אַלע פּאַרטיזאַנען אין זיין וואַלד, און דער ערשטער וואָלונטיר פאַר די געפערלעכסטע שלאַכטן. נאָר איינמאָל איז ער שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן. איז ער געוואָרן דער רעכטער פון קאַפּיטאַן אַנאַטאָלס ביידל.

דערפאַר, ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף רייזעלען האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז זיין אייגן קינד כאַוועלע שלאָפט עס אויף דער ערד. און איצט, מאַרשירנדיק הין און צוריק פאַר אַנאַטאָלס ביידל האָט זיך ווידער אין אים צעפלאַקערט די בענקשאַפט צו זיין קינד, זיין פרוי און זיין מוטער.

ווער ווייס, האָט ער געטראַכט, עפּשער זיינען זיי אויך גע־ווען אויף דערזעלבער באַן וואָס איז נאָר־וואָס פאַרבייגעפאָרן. פון דעם געדאַנק אליין האָט זיין האַרץ אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. אַ קאַלטער שווייס איז אַרויס אויף זיין שטערן און אויף זיין נאַקן. ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פונעם וואַלד, כאָטש אויף איין טאָג אויס־צוגעפינען עפּעס וועגן זיי. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז ער וועט דאָס ניט טאָן, ווייל ער האָט גענומען די שבועה פון אַ פּאַרטיזאַן, קיינמאָל ניט צו דעזערטירן פון זיין פּאָסטן.

„איך וועל אויף איר אַכטונג געבן", האָט בערקאַ צו זיך געזאָגט. „איך וועל זיין צו איר ווי אַ טאַטע צו אַן אייגן קינד. איך קאָן דאָך סיי ווי ניט גיין אין די שלאַכטן מער. איך האָב גענוג צייט זיך אָפּ־צוגעבן מיט איר". און אַזוי אַרומשפּאַנענדיק פאַמעלעך און שלעפּ־פנדיק זיין פאַרוווּנדעטן פוס האָט ער געמאַכט פּלענער וואָס ער וועט טאָן פאַר דעם מיידעלע, וועמענס נאָמען ער האָט נאָך אַפילו ניט געוווּסט.

ער האָט שוין אין געדאַנק באַ זיך אָפּגעקליבן אַן אָרט ווו ער וועט אויפשטעלן אַ ביידל פאַר איר. אַרום דעם ביידל וועט ער מאַכן אַ גערטנדל. ער וועט ריידן מיטן פויער וואַסיל, וועלכער קומט פון צייט צו צייט צו די פּאַרטיזאַנען און ברענגט זיי שפּייז און אינ־

פארמאציע פונעם דארף, אז יעדער זאל פאר איר ברענגען א וואַ־
רעם קליידל און שיכלעך אדער גאר שטיוועלעך. יא, נאך עפעס וועט
ער בעטן וואסילן, ער זאל אים ברענגען יעדע וואך א פאר פרישע
אייער און א פלאש ציגענע מילך. א קינד דארף אייער און מילך,
א נים וועט עס נישט וואקסן...

און טראכטנדיק אזוי וואס ער וועט טאן פאר'ן מיידעלע איז
אים געווארן א סאך גרינגער אפן געמיט. אים האט זיך אויסגעדאכט
אז ער טראכט פון זיין אייגענער כאוועלען.

פלוצלונג איז אים דורכגעפלויגן א געדאנק און האט אים ווי־
דער אומעטיק געמאכט: וואס וועט זיין אז אנאטאל און די איבע־
ריקע פארטיזאנען וועלן נים דערלאזן אז א קינד זאל זיין אין וואלד?
מיט די איבעריקע פארטיזאנען וועט ער זיך שוין אן אייצע געבן.
ער וועט זיי איבעררעדן. אבער אנאטאל איז דאך דער קאמענדאנט
און ער האט דאס לעצטע ווארט, און אויב ער וועט זיך איינשפארן
אז ניין, וועט מוזן זיין ניין. און טראכטנדיק אזוי, איז דערווייל גע־
ווארן פארטאג, און די זון האט אנגעהויבן אויפצוגיין איבערן וואלד,
מיט פלאמיק רויטע פארבן.

איצט, אז ס'איז שוין געווארן ליכטיקער האט זיך אים פארגלוסט
זי אנצוקוקן. ער האט צוגעהונקען צום ארט ווו ער האט זי געלייגט
שלאפן. ער טוט א קוק, זי איז נישא! ער האט זיך אנגעבויגן נידע־
ריקער צו דער ערד, באטאפט די קאלדרעס מיט דער האנט. נישא!
און די צוויי זעק מיט וועלכע ער האט זי איינגעדעקט זיינען אויך
פארשוואונדן. ער האט געוואלט א געשריי טאן: „מיידעלע! מיידעלע!
ווו ביסטו?" האט ער אבער געוווסט אז אין א פארטיזאנער־וואלד
טאר מען נים שרייען. מען טאר אפילע נים הויך רירן, ווייל די
דייטשן האבן שטענדיק געפרוווט אויסצוגעפינען ווו די פארטיזאנען
האלטן זיך אויף.

איז ער געבליבן שטיין א צעטומלטער און נים געוווסט שוין
וואס צו טראכטן. וווהין האט זי געקאנט אוועק אליין אינמיטן דער
נאכט? האט זי עמעצער צוגעגאנוועט? אלע זיינען דאך דא פארטי־

זאָגען. ער האָט מיט די אויגן געזוכט און געני־שטערט און גאָרניט געזען אַחוץ ביימער.

און לאַנג דאָ שטיין האָט ער אויך ניט געקאָנט, ווייל ער האָט ניט געטאָרט פאַרלאָזן זיין וואַך־פּאָסטן לעבן אַנאַטאָלס ביידל. זינט די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט אַז דער מוטיקער אַנאַטאָל איז דער פירער פון אַן אָפּטיילונג פּאַרטיזאַנען, וואָס ספּעציאַליזירט זיך אין אויפרייסן דייטשישע באַנען, וואָס פירן סאָלדאַטן און אַמוניציע צום פראָנט, האָבן זיי אים אָנגעהויבן שטאַרק ארומזוכן. זיי האָבן שוין אַפילו צעקלעפּט אַפישן אויף די ווענט פון אַלע אַרומיקע דערפער וועגן דעם „באַנדיט" אַנאַטאָל און צוגעזאָגט אַ פרייז פון צען טויזנט מאַרק יעדן פויער וואָס וועט ברענגען אַנאַטאָלן אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן, אָדער וועט אָנווייזן ווו ער איז.

און כאָטש פיל פויערים האָבן געוווּסט ווער אַנאַטאָל איז און ווו ער געפינט זיך, האָט קיין איינער פון זיי ניט אויסגעגעבן די אינפאָרמאַציע צו די דייטשן. נאָר די פּאַרטיזאַנען האָבן באַשלאָסן אַז זיי אליין וועלן פון היינט אָן שטאַרק אָפּהיטן זייער קאָמענדאַנט און אים קיינמאָל ניט לאָזן אליין. און ווען ער וועט שלאָפן זאָל שטענדיק זיין אַ וועכטער לעבן זיין ביידל. פאַר דעם איז אויסגעקליבן געוואָרן בערקאָ.

דערפאַר האָט בערקאָ זיך געאײַלט צוריק צום ביידל. צוליב זיין פאַרהוונדעטן פוס איז אים אָנגעקומען שווער צו גיין גיך. נאָר דאָסמאָל איז ער געווען אַזוי אויפגערעגט פון דעם וואָס רייזעלע איז פאַרשוווּנדן, אַז ער האָט פאַרגעסן פון זיין פוס און איז געלאָפן דעם גאַנצן וועג. און ווען ער איז צוגעקומען צום ביידל האָט ער פון גרויס מידקייט און פאַרמאַטערטקייט אַרויסגעלאָזט אַזאַ הויכן זיפץ, אַז אַנאַטאָל האָט זיך אַזש אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף.

„וואָס איז, בערקאָ?" האָט אַנאַטאָל אַרויסגערופן צו אים פונעם ביידל.

„באַוועך אַנאַטאָל", איז בערקאָ אַריין צו אים גלייך אין ביידל אַריין, „אַן אומגליק איז געשען, אַ גרויס אומגליק!"

„אַן אומגליק?! וואָס האָט פּאַסירט? זאָג. מען האָט געכאַפּט אונדזער בעזהרע? וואָס האָסטו מיך ניט אויפגעוועקט?

„ניין, ניין, ניט דאָס. מען האָט קיינעם ניט געכאַפּט". האָט אים בערקאַ געפּרוווט באַרויקן. „זי איז פאַרשוווּנדן, דאָס מיידעלע איז מיר פאַרשוווּנדן ווי פון אונטער די הענט און איך הייב ניט אָן צו וויסן וווּ זי איז".

„וואָס מיידעלע? וועלכן מיידעלע? זינט ווען האָבן מיר דאָס מיידעלע אין וואַלד? דו כאַלעמסט, בערקאַ, צי עפּשער פלאַפּלסטו פון היץ? גיי, לייג זיך בעסער צו און שלאָף זיך אויס אַביסל". אַנאַטאָל האָט זיך אויפגעהויבן פונעם דיל און אַנגעוויזן בערקאַן אַפן געלעגער.

„ניין כאַווער אַנאַטאָל, איך כאַלעם ניט און איך פלאַפּל ניט פון היץ. זי איז דאָ געווען. איך האָב זי מיט די אייגענע הענט געלייגט שלאָפן און איצט איז זי נישטאָ. פאַרשוווּנדן ווי אין וואַסער אַריין!"

„ווער? דערצייל, ריידן!" איז אַנאַטאָל שוין אַרויס פון געדולד.

בערקאַ האָט אים דערציילט די גאַנצע מאַיסע און ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן האָט אַנאַטאָל אַרויפגעלייגט אַ האַנט אַף זיין אַקסל: „איז וואָס איז זיך דאָ וואָס צו זאָרגן?" האָט ער אים געפּרוווט באַרויקן. „דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט אַז דער גאַנצער וואַלד איז באַוואַכט פון אונדזערע פאַרטיזאַנען. פּונקט ווי זי האָט ניט געקאָנט אַריין אומבאַמערקט, אַזוי וועט זי ניט קאָנען אַרויס אומבאַמערקט. זי מוז זיין ערגעץ ניט וויט פון דאַנען. באַלד וועט זיך בייטן די וואַך וועל איך זיי אָנזאָגן צו האַלטן אַן אויג און זוכן אַ קליין מיידעלע. דערווייל אַז דו ווילסט ניט שלאָפן איז קום לאָמיר ביידע אַ זוך טאָן".

„וואָס מיר שלאָפן? ווער מיר שלאָפן? ווער קאָן דען שלאָפן?" ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיי זיינען ביידע אַרויס פונעם ביידל.

„דו ווייסט?" האָט אַנאַטאָל אַ זאָג געטאָן צו בערקאַן. ווען געפינען זי זאָרג איך זיך ניט. וואָס איך זאָרג זיך אָבער יאָ, איז וואָס מיר וועלן טאָן מיט איר ווען מיר וועלן זי שוין געפינען. מיר וועלן זי מוזן אָוועקגעבן צו אַ פּויערטע אין דאָרף. אַ וואַלד איז ניט קיין אָרט פאַר קיין מיידעלע".

„וועגן דעם, כאָטשע אַנאַטאָל, וועלן מיר ריידן שפּעטער. לאָמיר זי נאָר פריער געפינען".

און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין טיפער אין וואַלד אַריין.

ס'איז געווען אַרום 5 אַזייגער פאַרטאָג. דער רעגן האָט שוין פון לאַנג געהאַט אויפגעהערט, נאָר די ערד איז נאָך געווען דורכגעווייקט מיט נאַסקייט און פון די ביימער האָבן געקאַפּעט רעגנטראָפּנס. ס'איז געווען נאָך היפּשלעך טונקל, נאָר פון הינטער שווערע כמאַרעס האָט אָנגעהויבן אַרויסצושוימען אַ רויטע מאָרגן־זון. בערקאַ דער פּאַרטיזאַן און אַנאַטאָל דער קאָמענדאַנט פון די פּאַרטיזאַנער האָבן שוין געזוכט ווו זיי גייען, זיי האָבן ניט געדאַרפט זיך שאַרן אין דער פינצטער פון בוים צו בוים. דער גאַנצער וואַלד איז זיי איצט געשטאַנען פאַר די אויגן, איינגעהילט אין דער ווייכער האַלב־טונקלקייט פון אַ פרילינגדיקן נייַ יאָר.

אַנאַטאָל איז געווען יונג, שטאַרק און פלינק ווי אַ הירש, נאָר איצט איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך. אַלעמאָל ווען די פיס האָבן זיך באַ אים געוואָלט צעלאָזן און אָנהויבן שפּאַנען, טאַקע נאָר ווי זיי האָבן געקאָנט, האָט זיך אַנאַטאָל דערמאָנט, אַז ער גייט מיט בערקאָן, וועלכער א י ז געווען שווער פאַרוווּנדעט אין אַ פוס און ער מוז גיין פּאַוואָליע און נאָך דערצו צוהינקען. איז ער אויך שוין געגאַנגען פּאַוואָליע.

נאָר וווהין גייט מען? דער וואַלד איז דאָך גרויס און ביימער פאַרמאָגט ער אַסאַך און ווער ווייס הינטער וועלכן בוים רייזעלע ליגט באַהאַלטן? אַזוי האָט בערקאַ געטראַכט. נאָר אַנאַטאָל איז געווען פאַרטאָן אין גאָר אַנדערע געדאַנקען.

„דו ווייסט וואָס מיר איז נאָר־וואָס איינגעפאַלן?" האָט ער שטיל אַ שעפּטשע געטאָן צו בערקאָן.

„וואָס?"

„דיין פּלאַן אַז דיין מיידעלע זאָל בלייבן דאָ מיט אונדז, אין וואַלד, איז גאָר נישט אַזאַ שלעכטער".

בערקאַ האָט זיך דערפרייט. ער איז ביז גאָר צופרידן געווען פון די ווערטער: דיין מיידעלע, ווייל אַזוי האָט ער טאַקע געפילט וועגן רייזעלען — ווי זי וואָלט געווען זיין אייגן קינד.

„מיר איז איינגעפאלן", האט אנאטאל ווייטער פארגעזעצט, „אז מיר וואלטן זי געקאנט אויסנוצן פאר אויסשפיר-ארבעט".

„ווי אזוי?", האט בערקא געוואלט וויסן.

„אונדזער ארבעט איז דאך אויפרייסן דייטשע באנען. דערפאר זוכן אונדז די דייטשן ארום. זיי ווייסן ווו מיר זיינען און ווער מיר זיינען. נאר זינט יענער שלאכט, אין וועלכער דו ביסט פארוואונדעט געווארן, האבן זיי מוירע צוצוקומען נאענט צו אונדז. זיי ווילן אבער אויסגעפינען וויפל מיר זיינען? וויפל געווער מיר האבן? און ווער עס זיינען די פויערים וואס העלפן אונדז. זיי דרייען זיך שוין ארום אין דארף און נישטערן און זוכן. לעצטנס האבן זיי זיך אנגעהויבן ארומדרייען בא די באן-רעלסן, פארשטעלט פאר פאליאקן, אין ציווילע קליידער. א טאג, צוויי איידער עס פארט פארביי א באן היטן זיי די רעלסן".

„איז וואס קאן א זיבן יעריק קינד טאן?" האט בערקא געפרעגט און אריינגעקוקט אנאטאלן גלייך אין די אויגן אריין.

„אויב זי איז נאר א קלוג מיידעלע און נישט קיין שרעקעוודיקע קאן זי אויפטאן זייער א סאך".

„מיר וועלן אנטלייען ביי וואסילן צוויי ציגן און מאכן פון איר א פאסטוכקע, זי וועט זיך ארומדרייען אפן בערגל, אף יענער זייט רעלסן. די ציגן וועלן זיך פאשען און זי וועט האלטן אן אויג אף די רעלסן און אף יעדן וואס וועט פארבייגיין. אזא קליין מיידעלע וועט קיינער נישט פארדעכטיקן. זי מוז אבער קענען גוט פויליש און מיר וועלן שוין איינקנעלן מיט איר אלע ענטפערס אף אלע פראגן וואס מען קאן איר שטעלן. באטאג וועט וואסיל איר ברענגען עסן און אין אוונט וועט זי אונדז אפגעבן א באריכט פון אלעם וואס זי האט געזען. נו, ווי געפעלט דיר דער פלאן?".

בערקא האט געשוויגן א ווײלע און דערנאך געזאגט: „דער פלאן איז א גוטער, און מיר דאכט, אז דאס מיידעלע פארמאגט די אלע מאלעס, וואס מען דארף פארן פלאן. זי איז דאך אינמיטן דער נאכט אליין געקומען צו די פארטיזאנען, איז א סימן אז זי איז נישט קיין שרעקעוודיקע. נאר וואס קומט ארויס פון די אלע פלענער, אז זי איז

נישטאָ, אַז איך הייב נישט אָן צו וויסן ווו זי איז אַהינגעקומען און ווי זי צו זוכן, און ווער ווייס צי מיר וועלן זי שוין אינגאַנצן געפינען?".



אַנאַטאָל האָט אים נאָכאַמאָל געוואָלט טרייסטן און אים פאַרזיכערן, אַז רייזעלע וועט זיך אָפּזוכן, אַז זי מוז זײַן אין וואַלד. נאָר דאָס איז שוין נים נייטיק געווען. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט זײַנען ביידע אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט, ווייל עס האָט זיך אַ טרייסל געטאָן אַ צווייג פון אַ בוים און אַראָפּגעטרייסלט אַף זייערע קעפּ אַ סאַך רעגנטראָפּנס. זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן און אַ קוק געטאָן אַף דעם בוים און דערזען רייזעלען קלאַמערנדיק זיך אָן אַ צווייג. אין דער האַלבטונקלקייט פונעם פרימאָרגן האָט זי אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פייגל אָדער עפּעס אַ מאָדנע כאַיעלע, וואָס איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד און ליגט איצט אַף אַ גרויסן צווייג פון אַ בוים און ווייס נים וואָס צו טאָן.

רייזעלע האָט אפילע קיין פּיפּס ניט געטאָן. מיט אירע גרויסע אויגן האָט זי געקוקט אַף די צוויי מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צו איר. זי האָט געוווּסט, אַז זי האָט ניט ווילנדיק אַ טרייסל געטאָן דעם צווייג און אַזוי אַרויסגעגעבן איר באַהעלטעניש. איז זי געלעגן שטיל מען זאָל מיינען, אַז זי איז אַ טייל פונעם בוים. און אַנאַטאָל מיט בערקאָן זיינען געבליבן אַזוי געפּלעפט פון דעם, וואָס זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט. דערנאָך האָט זיך אַנאַטאָל צעשמייכלט און געזאָגט: „קום אַראָפּ, מיידעלע, קום אַראָפּ". רייזעלע האָט זיך אפילע קיין ריר ניט געטאָן.

דאָ האָט זי בערקאָ שוין אָנגערופן באַם נאָמען: „רייזעלע, וואָס טוסטו דאָ? מיר זוכן דיך דאָך אַרום". רייזעלע האָט ניט געענטפערט. זי האָט בלויז געקוקט פון איינעם צום אַנדערן. בערקאָ האָט געטראָגן אַ ביקס אַף די אַקסל און אַנאַטאָל אַ רעוואָלווער אַף אַ פּאַסיק.

די צווייג אַף וועלכע זי איז געלעגן אויסגעצויגן איז געווען ניידעריק. בערקאָ איז צוגעגאַנגען נעענטער, אויסגעשטרעקט ביידע הענט, אָנגענומען רייזעלען און זי אַראָפּגענומען פונעם בוים. זי האָט גאָר נישט געזאָגט. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט און אויפגעהויבן ביידע זעק וואָס זיינען געלעגן לעבן בוים.

— „פאַרוואָס ביזטו אַנטלאָפן?", האָט בערקאָ זי געפרעגט.

— „איך בין ניט אַנטלאָפן", האָט זי געענטפערט, „איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן. די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז אַלעמאָל, זאָל איך זיך אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן. ס'איז געווען ליכטיק און איך האָב ניט געוווּסט ווו איך זיים, האָב איך זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים. און ווען איך האָב דערהערט טריט בין איך אַרויפגעקראָכן אַף דעם בוים".

„בערקאָ", האָט אַנאַטאָל איס געגעבן אַ גוטברודעריש קלאַפּ אין פּלייצע, „ס'איז אונדז צוגעקומען אַ בראַווע פּאַרטיזאַנקע".

בערקאָס אויגן האָבן זיך צעשטראַלט פון פרייד. „נו, רייזעלע", האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איר: „ווילסט ווערן אַ פּאַרטיזאַנקע?". רייזעלע האָט געשוויגן אַ ווייַלע און דערנאָך געזאָגט: „די מאַמע האָט מיר געהייסן גיין צו די פּאַרטיזאַנען".

אנאַטאָל האָט זי אויפגעהויבן און זי געטראָגן דעם גאַנצן וועג צוריק און בערקאַ האָט געטראָגן די צוויי זעק. ווען זיי זיינען צוגע־קומען צום ביידל האָט שוין געברענט אַ קליין פייערל אינדרויסן און עס האָט זיך געקאָכט אַ קעסל קאַווע. אַרום צוואַנציק פּאַרטיזאַנען מיט ביקסן אויף די אַקסל זיינען געשטאַנען אין אַ קרייז אַרום דעם פייער. זיי האָבן זיך געוואַרעמט די הענט און אינדערזעלבער צייט פֿאַרשטעלט דאָס פייער, די דייטשן זאָלן עס ניט באַמערקן, אַזוי האָבן זיי אַלעמאָל געקאָכט.

בערקאַ האָט פֿאַר זיי פֿאָרגעשטעלט רייזעלען. „דאָס איז אונ־דזער נייַע פּאַרטיזאַנקע. זי הייסט רייזעלע. זי וועט לעבן מיט אונדז דאָ אין וואַלד און וועט מיטאַרבעטן מיט אונדז”.

די פּאַרטיזאַנען האָבן איר געגעבן די הענט, דער עלטסטער פֿון זיי, אַ מאַן פֿון אַרום 60 יאָר, מיט אַ הייזעריק קאָל האָט געזאָגט: „אויב אַזוי דאַרף מען זי איינשוועהרן, זאָל זי געמען די פּאַרטיזאַנען־שווע, אַ ניט וועט זי ניט זיין קיין ריכטיקע פּאַרטיזאַנקע”. ער האָט עס געזאָגט אין אַ שפּאַס, אָבער אַנאַטאָל האָט געמאַכט אַן ערנסטע מינע און געזאָגט: „ריכטיק, ריכטיק, אַ פּאַרטיזאַנקע מוז געמען אַ שווע, רייזעלע”, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איר.

— „ביסטו גרייט ווערן אַ פּאַרטיזאַנקע?”

— „יאָ” האָט זי געענטפֿערט מיט שמאָלץ.

— „ביסטו גרייט צו געמען די פּאַרטיזאַנען שווע?” — האָט אַנאַטאָל ווידער געפֿרעגט.

— „יאָ”, האָט רייזעלע געענטפֿערט, און געהאַלטן הויך דעם קאָפּ.

— „אויב אַזוי, זאָג מיר נאָך וואָרט אין וואָרט”, האָט אַנאַטאָל איר באַפֿוילן; און ער האָט אָנגעהויבן זאָגן די פּאַרטיזאַנען שווע:

„איך, רייזעלע, זאָג צו צו זיין אַ בראַווע פּאַרטיזאַנקע, צו קעמפֿן מוטיק קעגן די דייטשן. אויסצופֿילן אַלע באַפֿעלן פֿון מיין קאָמענ־דאַנט און קיינמאָל ניט אַנטלויפֿן פֿון מיין פּאָסטן”.

רייזעלע האָט איס נאָכגעזאָגט וואָרט אין וואָרט. דערנאָך האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד עסן פֿרישטיק, ברויט

מים קאַווע. נאָכן עסן האָט אַנאַטאָל איבערגעגעבן די פּאַרטיזאַנען זיין פּלאַן וועגן רייזעלען. אַלעמען איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. ער האָט אָוועקגעשיקט דעם עלטסטן פּאַרטיזאַן אין דאָרף אַריין צו וואַסילן צו ברענגען צוויי ציגן.

— „ווען וועל איך ווערן אַ פּאַרטיזאַנקע?" — האָט רייזעלע געפרעגט אַנאַטאָלן.

— „אַ פּאַרטיזאַנקע ביסטו שוין", האָט אַנאַטאָל איר געזאָגט: נאָך מאָרגן אינדערפרי וועסטו שוין אָנהויבן אַרבעטן. שפּעטער „וועל איך דיר זאָגן וואָס צו טאָן, דערווייל דאַרפסטו זיך גוט אויסשלאָפן. קום אַריין צו מיר אין בײדל. דאָרט וועט דיר זיין וואַרעם".

ער האָט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און זי אַריינגעפירט אין בײדל אַריין. זי האָט זיך אָוועקגעלייגט אויפן געלעגער און ער האָט זי גוט איינגעדעקט. „דאָס מאָל וועסטו שוין ניט אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן אויף אַ בוים, האַ, רייזעלע?".

„ניין", האָט רייזעלע געזאָגט, „איך בין אַ פּאַרטיזאַנקע, און איך האָב ניט מער קיין מורא".

בערקאַ איז אויך אַריינגעקומען אין בײדל און האָט זי גוט איינגעדעקט און געזאָגט: „שלאָף, רייזעלע, שלאָף". און רייזעלע איז באַלד איינגעשלאָפן.



# די פּאַרטיזאַנקע

שטיל. די נאַכט איז אויסגעשטערנט
און דער פֿראָסט האָט שטאַרק געברענט,
צי געדענקסטו, ווי איך האָב דיך געלערנט,
האַלטן אַ שפּייער אין די הענט?

אַ מויד, אַ פּעלצל און אַ בערעט
און האַלט אין האַנט פעסט אַ נאַגאַן,
אַ מויד מיט אַ סאַמעטענעם פּאָנעם
היט אָפּ דעם פֿײַנטס קאַראַוואַן.

געצילט, געשאָסן און געטראָפֿן
האָט איר קלײנינקער פּיסטויל,
אַן אויטאָ אַ פולינקן מיט וואָפן
פֿאַרהאַלטן האָט זי מיט איין קויל.

פֿאַרטאָג, פֿון וואַלד אַרויסגעקראָכן,
מיט שניי־גירלאַנדן אויף די האָר,
געמוטיקט פֿון קלײנינקן ניצאָכן,
פֿאַר אונדזער נײַעם, פֿרײַען דאָר.



טעקסט: ה. גליק    מוזיק: קאָמפּאָזיטאָר אומבאַקאַנטער

מ. א. סול

# דער קליינער שאַלעם אַלייכעם

דאָס איז געווען אין כוידעש אַפּריל. אין דרויסן איז געווען פרילינגדיק קיל, נאָר אין דער וואַרשעווער געטאָ איז געווען הייס ווי אין מאַטעז, ווייל דאָרטן האָט געפּלאַקערט אַ ביטערע שלאַכט. הייזער האָבן געברענט, ביקסן האָבן געקנאַלט, באַמבעס האָבן עקספּלאָדירט, יידן זיינען געלאָפן הין און צוריק, יונג און אַלט, גרויס און קליין, שטאַרקע און שוואַכע — ווער נאָר ס'האָט געקאָנט שטיין אַף די פיס האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו דער שלאַכט מיט די נאַציס.

איין יינגעלע בלויז — שלוימעלע האָט ער געהייסן — איז געלעגן אין אַ גרוב און פון צייט צו צייט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ צו זען ווי עס האַלט מיט דער שלאַכט. ער איז ניט געווען קיין טרוס, שלוימעלע. ער האָט זיך ניט אויסבאַהאַלטן פאַר פּאַכעד. ער האָט אויך געקעמפט — נאָר אַף זיין אויפן.

און ווי נאָר די שלאַכט איז צוגעקומען נאָענט צו דער גרוב, איז ער אַרויסגעשפּרונגען און מיט זיינע דאַרע פלינקע פיסלעך געלאָפן צו אַן אַנדער גרוב, אָדער הינטער אַ וואַנט, אָדער הינטער אַ קופּע ציגל, אָדער ערגעץ אַף אַ דאַך. אַט אַזוי האָט ער געקעמפט קעגן די נאַציס, לויפנדיק און באַהאַלטנדיק זיך האָט ער געקעמפט.

ווייל שלוימעלע האָט געטראָגן אַ דיקן יידישן בוך אַרומגעבונדן מיט שטריק אַרום זיין דאַרן, אויסגעצערטן קערפּער. און איבערן בוך האָט ער געטראָגן זיין אַלט, צעריסן שוואַרץ קאַפּאָטעל, וואָס איז שוין געווען קליין און איינגעלאָפן און האָט אים דערגרייכט בלויז ביז די קני. און ליגנדיק אין אַ גרוב, צי הינטער אַ קופּע ציגל,

צי אָף אַ דאַך, האָט ער מיט ביידע הענט צוגעהאַלטן דאָס בוך אָף זיין קערפּער.

ער האָט דאָס בוך אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ און אָפּגע־מאַכט בײַ זיך, אַז פאַר קיין פאַל טאָר דאָס בוך ניט אַריינפאַלן צו די נאַציס אין די הענט, סיידן זיי וועלן אים, שלוימעלען, פריער דערהאַרגענען. נאָך ווי לאַנג ער לעבט וועט ער דאָס בוך פון די הענט ניט אַרויסלאָזן. דאָס איז געווען זיין ביישטייער צום גרויסן קאַמף מיט די נאַציס.

אינעם גרויסן טומל פון דער שלאַכט האָט אים קיינער אפילע ניט באַמערקט. קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אָף אים ווי ער לויפט פון איין באַהעלטעניש צו דער צווייטער. אפילע זיינע באַזוי־רים, די יינגלעך פון זיין עלטער, און זיין לערער זיינען געווען צו פאַרנומען מיט דער שלאַכט אפילע צו טראַכטן איצט פון אים. נאָר ער, שלוימעלע, האָט געהאַלטן זיינע גרויסע אייגן וואַך צו אַלץ וואָס איז פאַרגעקומען אַרום אים.

ער איז געווען הונגעריק און דורשטיק און מיד און שלעפעריק און שטאַרק אָפּגעשוואַכט און די אייגעלעך זיינען געווען שווער פון מידקייט און זיך געוואָלט פאַרמאַכן, נאָר שלוימעלע האָט זיך גע־ווערט און זיך געצוואונגען צו זיין וואַך, ווייל טאָמער וועט ער איינ־שלאָפן, קענען נאָך די נאַציס אים כאַפּן און צונעמען דאָס בוך.

אין די גאַסן זיינען שוין געלעגן אַ סך טויטע מענטשן און אַסאַך קופּעס ציגל און אַסאַך שטיקער צעבראָכן גלאָז, און אין דער לופטן האָבן זיך געטראָגן אַסאַך קוילעס און געוואַלדן און געשרייען און געוויינען, און ניט איין מאָל האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט געפילט ווי צו שרייען אָדער וויינען. ער האָט זיך אָבער איינ־געהאַלטן, ווייל ער האָט מוירע געהאַט, אַז מיט זיין שרייען אָדער וויינען וועט ער נאָך אַרויסגעבן זיין באַהעלטעניש, די נאַציס וועלן אים כאַפּן און בײַ אים צונעמען דאָס בוך.

אַסאַך פון די מאַיסעס וואָס זיינען געווען געדרוקט אינעם בוך, האָט ער געקענט קימאַט פון אויסווייניק. און ניט איין מאָל ליגנ־דיק אַזוי אין אַ גרוב באַנאַכט, האָט אים אַ צי געטאָן אָפּצובינדן די

שטריק, ארויסצונעמען דאס בוך פון הינטער זיין קאפטן און אזוי, באם פלאקער פון די ברענענדיקע ווענט, נאך אמאל איבערלייענען די מאיסעס. אים איז איינגעפאלן א געדאנק אויסצולערנען זיך אלע מאיסעס אף אויסווייניק, אז טאמער וועט ער פארלירן דאס בוך, וועט ער קענען דערנאך גיין פון קלאס צו קלאס און איבערדערציילן די מאיסעס פאר די קינדער, ווארט אין ווארט.

האט ער אבער מוירע געהאט, אז טאמער וועט ער אפבינדן די שטריק, וועט ער נים האבן קיין צייט דאס בוך צוריק ארומצו־בינדן ארום זיך.

פון צייט צו צייט, ווען ער איז געווארן שטארק דורשטיק, און ווען די שלאכט האט זיך איינגעשטעלט אביסל, איז ער פארזיכטיק ארויסגעקראכן פון זיין נארע און אפן בויך זיך צוגעשארט צו א הויז און געזוכט אין די ליידיקע שטיבער א ביסל וואסער אדער א שטיקל ברויט. און פון צייט צו צייט פלעגט ער טאקע געפינען א ביסל טוכלע וואסער, אדער א שטיקל פארדארט ברויט. און אזוי האט ער זיך דערהאלטן בא די קויכעס.

נאר אינעם לעצטן טאג פון דער שלאכט, אין א פארטאג אין בוידעש מאי, ווען אלץ ארום האט געברענט און די נאציס האבן שוין פארכאפט דאס גאנצע געטא, האט זיך שלוימעלע מיט די לעצ־טע קויכעס זיך ארויסגעדראפעט פון זיין נארע צו זוכן א נייע באהעל־טעניש.

ווי נאר ער איז ארויס, האבן קוילן פון נאצישע ביקסן אנגע־הויבן סוויסטשען איבער זיין קאפ. א שטארק אפגעשוואכטער, און צעטומלט פון שרעק האט ער זיך געלאזט לויפן, נישט ווייסנדיק אליין וואוהין. פלוצלינג האט ער דערפילט א שטארקן זעץ אין ברוסט און ער איז אומגעפאלן — באוווסטלאז.

קימאט אלע יידן אין דער געטא זיינען אומגעקומען און די פאר, וואס זיינען לעבן געבליבן, האבן זיך איצט צוריקגעצויגן צו אנט־לויפן צו די פארטיזאנער אין די וועלדער. צווישן די לעבנסגעבלי־בענע איז געווען א בראווע, מוטיק יינגל וואס האט געהייסן וועלוול. א הויכער, שטארקער ייד, א פארטיזאן, האט

וועלוועלען באפוילן ארומלויפן איבער די גאסן צו זען וואר עס לעבט נאך און אים לאזן וויסן וועגן דעם, וועס מען די פארוואונדעטע מיט־גענומען אין וואלד אריין און זיי ראטעווען. —

לויפנדיק איבער די קופעס ציגל און שטיינער האט וועלוול באמערקט זיין שול־כאווער שלוימעלען.

„שלוימעלע!" האט ער אויסגעשריען און האט זיך אנגעבויגן איבער אים, שלוימעלע האט נים געענטפערט. זיינע אויגן זיינען געווען פארמאכט און פון זיינע נאזלעכער איז געגאנגען א שוואכער אטעם. נאר וועלוול האט דאס אטעמען נים באמערקט. ער האט אבער גלייך אפן ארם באשלאסן מיטצונעמען שלוימען אין וואלד אריין, אפילע ווען ער לעבט שוין נים. ער איז אוועק צום ייד, דעם פארטיזאן, און געזאגט צו אים א פארטאפעטער:

— „קומט גיכער, גיכער!" האט ער געשלעפט דעם יידן בא דער האנט.

— „געפונען עמעצן?" האט דער ייד אים געפרעגט.



— „יאָ, האָט וועלוול געזאָגט, „שאָלעם אַלייכעמען".
— „וואָס פֿאַר אַ שאָלעם אַלייכעם?" האָט דער פּאַרטיזאַן אויפֿ־געשטעלט אויפֿן ייִנגל אַ פּאָר אויגן: „דעם שרײַבער?"
— „יאָ", האָט וועלוול געזאָגט: „דעם שרײַבער."
— „וואָס ביסטו פֿון זינען אַראָפּ?" האָט דער ייִד זיך צעבייזערט אַף וועלוולען. „פֿונקט אויסגעקליבן די ריכטיקע צײַט פֿאַר כאָכמע־נען זיך. שאָלעם אַלייכעם דער שרײַבער איז שוין טויט אַ סך יאָרן. ער איז געשטאָרבן אין אַמעריקע."
„יאָ. יאָ, דאָס ווייס איך, אָבער דאָס איז דער קלײנער שאָלעם אַלייכעם."
„מאַזל טאָוו, די צווייטע טעג יאָנטעוו!" האָט דער ייִד זיך שוין צעשריִען אַף וועלוולען. „דער קלײנער שאָלעם אַלייכעם! עפּעס וועסטו באַלד אַנטדעקן דעם מיטעל: שאָלעם אַלייכעם?"
„איך זאָל אַזוי לעבן ווי איך שפּאַס ניט," האָט זיך וועלוול געשווירן: „איך האָב אים דערקענט. דאָס איז דער קלײנער שאָ־לעם אַלייכעם. און אויב איר וועט מיר ניט העלפֿן, וועל איך אים אַליין ברענגען צו שלעפּן," האָט וועלוול געזאָגט און זיך צעוויינט.
„ה׳ רעדסט פֿון היץ, מײַן קינד," איז דער ייִד שוין ווייכער גע־וואָרן. „קום ווײַז מיר ווו ער איז, דײַן שאָלעם אַלייכעם, ווײַל יעדע רגע איז טײַער."
וועלוול האָט דעם פּאַרטיזאַן צוגעפֿירט צו שלוימען, וועלכער איז געלעגן באַוועגלאָז לעבן אַ קופּע ציגל. דער ייִד האָט זיך אָנגע־בויגן איבער אים. ער האָט צוגעלייגט אַ פֿינגער צום ייִנגלס נאָזלע־כער און זײַן אויער צום ייִנגלס האַרץ.
„מאָדנע", האָט דער ייִד געזאָגט, „ער אָטעמט נאָר זײַן האַרץ קלאַפּט ניט." ער האָט אַף גיך אויפֿגעקנעפּלט דעם ייִנגלס קאַפּטאַן, און דערזען אַ דיקן באַנד פֿון שאָלעם אַלייכעמס געזאַמלטע ווערק אַרומגעבונדן אַרום שלוימעס האַרץ. אויפֿן מאָטל פּונעס בוך איז גע־ווען אײַנגעקריצט שאָלעם אַלייכעמס בילד אין גאָלדענער פֿאַרב. איין אויג פֿון שאָלעם אַלייכעמס בילד איז געווען דורכגעלעכערט פֿון אַ קויל. דער ייִד האָט אויפֿגעבונדן די שטריק, אויפֿגעהויבן דאָס בוך

און עס אַ מיש געטאָן. די קויל איז געבליבן שטעקן אינמיטן פון בוך און אין מיטן פון אַ מאַיסע וואָס הייסט „סטאַנציע באַראַנאָ־וויטש.“

וועלוול האָט צוגעלייגט זיין אויער צו שלוימעס ברוסט.

„עס קלאַפּט, עס קלאַפּט!“ האָט וועלוול אויסגערופן מיט פרייד.

„יאָ“, האָט דער ייד אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, „שאָלעם אליי־כעם האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן.“

ער האָט אויפגעהויבן שלוימען פון דער ערד און וועלוולען גע־געבן דאָך בוך. „קום!“ האָט ער געזאָגט, „לאָמיר גיין איידער עס ווערט צו שפּעט.“

:: :: ::

נאָך אין יענעם אָוונט, בײַ אַ קליין פייערל אין וואַלד, האָט וועלוול דערציילט פאַר די איבעריקע פּאַרטיזאַנען און געראַטעוועטע וועגן שלוימען. ער האָט זיי דערציילט, אַז אין די יידישע שולן אין דער געטאָ איז געווען בלויז איין באַנד פון שאָלעם אליי־כעמס געזאַמלטע ווערק. און אַזוי ווי שלוימע איז געווען אַ פליינק, זשוואַוו יינגל, וואָס האָט זיך שוין ניט איין מאָל אויסגעדרייט פון די הענט פון די נאַציס, איז ער באַשטימט געוואָרן צו ברענגען דאָס בוך פון איין שול אין דער אַנדערער. עס איז געווען זיין פליכט דאָס אָפּצוהיטן. און ער האָט זיין פליכט שטענדיק דורכגעפירט. מיט דער צייט איז ער געוואָרן באַקאַנט צווישן די קינדער און די לערער אלס דער קליינער שאָלעם אלייכעם.

— דאָ אין וואַלד האָט שלוימע ווידער געהאַלטן דאָס בוך שטענ־דיק מיט זיך. און פון צייט צו צייט פלעגן די יידישע פּאַרטיזאַנען עס אַנטלייען בײַ אים און פאַרלייענען שאָלעם אלייכעמס מאַיסעס. נאָר דאָ אין וואַלד האָט מען אים שוין ניט גערופן „דער קליינער שאָלעם אלייכעם“. דאָ האָט מען אים גערופן „פּאַניע שאָלעם אליי־כעם.“

בינעם העלער

# דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע

אין האַרשעהער הויפֿן אָן גרינס און אָן בלומען —
די שנעל איז געלאָפֿן אַ זומער נאָך אַ זומער!
אַ פֿריילעכער טומל איז שטענדיק געשטאַנען,
פֿון מיידלעך, וואָס שפּילן אין ראָדעגעראַנע,
פֿון ייִנגלעך וואָס זינגען אין שול און אין כיידער,
פֿון שניידערס, וואָס זינגען באַם נייען די קליידער,
פֿון קלעזמערס, וואָס שפּילן אַף פֿידלען און פֿלייטן,
פֿון בלעכערס, וואָס שרייען: „פֿאַריכטן, פֿאַרלייטן!"

אין איינעם אַ הויף האָט געוווינט אַזאַ ייִנגל —
מיט ליכטיקע אויגן, אַף שרויפֿן אַ צינגל —
אין שול איז דאָס ייִנגל דער תּלמיד — דער בעסטער
און צווישן כאַווירים — דער שטיפֿער, דער גרעסטער.
ווו נאָר ער פֿלעגט קומען, פֿלעגט פֿריילעכער ווערן,
דער וויינער אַפֿילע פֿלעגט שמייכלען דורך טרערן.
פֿאַר אַלעמען איז ער געווען אַ כאַווער —
אַזאַ איז געווען דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע.

געקומען דער נאַצי, פֿאַרמאַכט אַלע גאַסן.
געקומען, באַפֿוילן די ייִדן צו האַסן.
קיין ברויט און קיין ליכט וואָל נישט זיין אינעם געטאָ,
נאָר קינדער, וואָס בעטלען אין פֿראָסטיקן ווינטער,
און מאַמעס, וואָס ליגן געשוואָלן פֿון הונגער,

און שוועסטער, וואָס שפּייען אין בלוט אויס די לונגען,
און מאַמעס, וואָס זינגען מיט ליפּן פאַרשמאַכטע
דאָס ליד פון דער נויט און דעם געטאָ פאַרמאַכטן.

דאָס יינגל פון פּאַוויע ווערט בלאַסער און בלאַסער.
אַף שטילן דעם הונגער איז היינט דאָס וואַסער,
אַף שטילן דעם ווייטיק איז הייַנט דער צאָרן —
זיין שמייכל איז לאַנג שוין פאַרלאָשן געוואָרן.
ער ווייס, אַז מען דאַרף איצט זיין דרייסטער און פלינקער —
עס גייען טראַנספּאָרטן אַוועק קיין טרעבלינקע,
ער ווייס, אַז עס גייען אַוועק מיטן פייער
די טאַטעס, די מאַמעס, כאַווייריים געטרייע.

נאָר פלוצלינג צעטראָגט זיך אַ ליכטיקע בשורה:
עס שטעלט זיך דאָס געטאָ אַנטקעגן מיט גווורה!
עס פאַלן פאַשיסטן אין קאַמף מיט די יידן
און ס'פלאַטערט אַ שטאָלצע די פאָן פון מערידע! —
דאָס יינגל פון פּאַוויע רייסט הורך זיך דורך רויכן,
ער שפּרינגט איבער חורבֿעס און ווערט נישט געשטרויכלט,
ער קומט אינעם שטאַב פון די קעמפער און מעלדעט:
כ'וויל לעבן און שטאַרבן — אַ העלד צווישן העלדן!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישטאָ יענער הויף שוין, נישטאָ שוין די פּאַוויע.
און ווו איז דאָס יינגל — דער גאָלדענער כאַווער?
קאָן זיין, אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ פאַראַנען,
אלצייַנס — לאָמיר איצט אים מיט ערע דערמאָנען.
דער סוינע איז טויט און דאָס לעבן דאָס נייַע
מיר האָבן באַקומען אין קאַמף און אין פייער
מיר וועלן דעם אָנדענק פון העלדן באַוואַרן —
באַם הייליקן אָנדענק — מיר שווערן, מיר שווערן!

# אינהאַלט:

---

*Consejo Central Escolar de la*

FEDERACION DE ENTIDADES CULTURALES JUDIAS EN LA ARGENTINA

**BIBLIOTECA INFANTIL**

Nº. 2

# NIÑOS HEROICOS



Editorial "ICUF"

Buenos Aires Argentina